



א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.

ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג: מ. ספעקטאר.

פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט: ד"ר ח. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס־בילדונג“.

אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“
נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство „ТУШІЯ“
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלב־יעהרליך
און פירטעל־יעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Krakauergasse 12.

Krakau, 20 August 1902. Nr. 8 קראקוי, י"ז אב, תרס"ב.




## ווי קוקען קינדער אויף בעשטראפען?

(פארטזעטצונג).

איין מיידעל האלט לחלוטין, גאר נישט פון מוחל זיין; זי דערצעהלט אזא מעשה: „איינע אפוילע שילערין, פלעגט קיינמאל נישט מאכען אירע לעקציעס, פלעגט אפט אבנארען די לעהרערין, זאגען אז זי האט פערגעסען אין דערהיים די ביכער. די לעהרערין האט אפילו געוואוסט, אז דאס איז נישט אמת, זי האט איהר אבער קיין זאך נישט געטהון און איהר נאר געזאגט: „זעה, אז נאך אמאל זאלסט דו דאס נישט טהון“. — אז איך וואלט געווען א לעהרערין, — שרייבט די מיידעל צום סוף — וואלט איך איהר מביש געווען פאר דעם גאנצען קלאס און וואלט איהר נאך שטארק בעשטראפט, דעפאר, וואס זי איז א פוילע שילערין, אויב ניט וועט זי מארגען ווידער נישט מאכען איהרע אויפגאבען, און, אז די לעהרערין וועט איהר פרעגען פאר וואס, וועט זי אויסטראכטען א נייעם ליגען“.

דאמיר אקארשט זעהען, אויף וואס פאר א סארטען שטראפען זענען די קינדער מסכים. כמעט א העלפט מיידלעך האבען געזאגט, אז מען דארף בעשטראפען מיט אלערליי מאראלישע זאכען, גאר

א קליינע צאהל האבען געהייסען בעשטראפען מיט די געוועהנליכע שטראפען, וואס ווערען געברויכט אין די שולען, ווי למשל, שטעלען אין ווינקעל, זעצען אין קארצער וכדומה. א פנים, אז דווקא דערפאר וואס אזוינע שטראפען ווערען געברויכט אין אלע שולען און ביי אלע סארטען קינדער, ווירקען זיי אויף קינדער זעהר ווייניג. כמעט 20 פראצענט מיידלעך האלטען נאר פון שטרענגע שטראפען: אין די מעשיות אבער, וואס בעשרייבען אלע איבריגע קינדער, קומט אויס, אז די קינדער ווערען בעשטראפט גופא דורך זייערע זינד. קינדער, וואס פאלגען נישט, האבען כמעט אין אלע מעשיות א שלעכטען פסק. „איין מיידעל, וואס האט א סך מאל ניט געפאלגט די מוטער, איז איין מאל אוועק איינע אליין אין וואלד, חאטש די מוטער האט איהר אנגעזאגט, זי זאל נישט געהן. זי איז דארטען געבליבען ביז אין אבענד, זי האט מעהר נישט געפונען דעם וועג אהיים און האט ארומגעבלאנדזשעט א גאנצע נאכט אין וואלד. די מוטער איז פאר שרעק קראנק געווארען. פון דעמאלט אן האט שוין דאס מיידעל געפאלגט אלץ, וואס די מוטער האט איהר געהייסען. איין אנדער מיידעל האט נישט געפאלגט די מוטער און פלעגט זיך תמיד שפיעלען מיט א מעסער, ביז זי האט זיך לסוף מיט דעם מעסער איינגעשניטען די האנד און זיך געמאכט א גרויסע וואונד. אין איין מעשה ברייננגט די עקשנות גאר צו א שרעקליכען סוף: א יונגעל, איין עקשן און א שלעכטער, האט חשק געהאט שטענדיג זיך צו רייצען מיט הינד, דערפאר האט איהם א הונד אזא שטארקען ביס געטהון, אז מען האט איהם געמוזט אבשניידען די פוס און באלד נאכדעם איז ער געשטארבען". דאס רוב קינדער דערצעהלען אין זייערע מעשיות, וואס פאר א שלעכטער סוף איז אליין פון זיך ארויסגעקומען פאר די קינדער פון זייער נישט פאלגען, נאשערייען און עקש'ענען זיך, און זעהר זעלטען דערמאהנען זיי, אז מען דארף זיי חוץ דעם נאך בעשטראפען. מען זעהט דערפון, אז די קינדער בעדענקען בעסער פון אלץ אט די שטראפען, וואס זיי האבען איבערגעלעבט דורך אייגענעם נסיון. —

פון די מאראלישע שטראפען ווירקט אויף קינדער מעהר פון אלץ, ווי עס ווייזט אויס פון זייערע מעשיות, בזיונות און מוסר־רעד. לויט ווי א סך קינדער שרייבען, האבען זיך די „נישט גוטע מיידלעך" געבעסערט נאר דורך די מוסר־רעד, וואס די מוטערס אדער די לעהרערינען האבען זיי געזאגט. עס איז קיין ספק ניט, אז די פשוט'ע ווערטער, וואס מען רעדט גלייך צום קינדס הארץ, האבען אויף איהם א שטארקע פעולה. איך ברייננג דא א מעשה'לע, וואס האט אנגעשריבען א מיידעל פון אכט יאהר, פון וועלכע עס איז דייטליך ארויסצוזעהען, ווי שטארק עס ווירקען מוסר־רעד אויף א קינד: נחמה איז געוועזען זעהר א שלעכט מיידעל. אז די מוטער פלעגט איהר זאגען: „קום, לאמיר געהן שפאצירען", פלעגט זי זיך זעצען לייענען, און אז די מוטער פלעגט איהר הייסען לייענען, פלעגט זי אוועק געהן שפאצירען. בקיצור, זי האט געטהון אלץ, וואס איהר האט זיך געגלוסט. די מוטער האט זי אפילו איינינגע מאל בעשטראפט, דאס האט אבער נישט געהאלפען און די מוטער האט נישט געוואוסט, וואס זי זאל מיט איהר אנהויבען צו טהון. איינמאל האט די מוטער אלצדינג אנגעשריבען אין א בריעף צו דער לעהרערין. די לעהרערין האט פארגעלייענט דעם בריעף פאר'ן גאנצען קלאס, האט אבער ניט געזאגט פון וועמען דער בריעף איז אנגעקומען. אלע שילערינען האבען גרויס רחמנות געהאט מיט דער ארעמער מוטער און האבען געפרעגט ווער איז דאס שלעכט מיידעל. די לעהרערין האט אבער נישט געוואלט זאגען. נחמה האט זיך לענגער נישט געקענט איינהאלטען און האט אנגעהויבען וויינען. די לעהרערין האט זי אריינגערופען צו זיך אין קאנצעלאריע און האט איהר געזאגט, זי זאל זעהען ווערען א גוט קינד. נחמה האט זיך זעהר געשעמט. אז זי איז געקומען אהיים, האט זי נישט געקענט מאכען איהרע אויראקען און האט דעם גאנצען

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

א ראמאן אין צוויי טהייל

פון

שלום־עליכם

(פארטזעטצונג).

VI.

### דינה ווערד אן אשת חיל, לייענט ביכלעך און בעקאנט זיך מיט'ן אפטייקער פאן יאסטרעמבסקי.

א זעלכע מיידליך־קרעמערינס זענען פאראן אין מאזעפעווקע א סך. אז איהר וועט מיט זיי רעדען נאר עטליכער ווערטער, וועט איהר זיי דערקענען; ביי זיי אויפ'ן פנים שטעהט אנגעשריבען „אשת חיל". צווישען זיי זענען דא אזעלכע, וואס ס'איז א פארגעניגען מיט זיי צו רעדען. זיי זענען ביי זיך פראסט, האבען נישט אין זיך די געוויסע מיידעלשע תנועות: דרעהען זיך נישט, ברעכען זיך נישט, מאכען ניט קיין פיסקלעך, און איהר פיהלט זיך מיט זיי זעהר איינגענומען און היימיש. איינע פון די דאזיגע מיידלעך איז געוועזען דינה, וואס מיט דערצייט אז זי איז אונטער געוואכסען, איז זי געווארען דער גאנצער קאפ אין קלייט. קיינער האט נישט געקאנט רעדען אזוי געלאסען מיט א קונה ווי דינה; קיינער האט נישט געוואוסט אזוי, וואס אין קלייט טהוט זיך, ווי דינה, און מיט קיינעם האט מען אזוי נישט ליעב געהאט צו האנדלען, ווי מיט דינה'ן. יהושע יענקעל איז פארטראגען מעהר אין שטאדט געשעפטען, ווי אין קלייט, און לאה איז „א שוועבעלע" און דערצו נאך א „יקרנ'טע", האט ליעב אויסבעטען א מקח דריי מאל אזוי פיעל און בשעת מעשה שוועהרען זיך ביי איהרע הייליגע נאמנות און ווינשען זיך די מאות „מיט אייך אין איינעם", וואס עס קאסט זיך א סך טהייערער אין קרן. אלע ווייסען אבער, אז לאה'ס נאמנות מיט לאה'ס שוועהרען זיך, איז ווערט דריי גראשען. איהר בעדארפט וויסען, אז א מאזעפעווקער קונה, אז מע שוועהרט איהם שוין גוט אפ און מע זאגט איהם שוין דעם „רעכטען לעצט פון אלע לעצטען" אויף „הייליגע יודישע נאמנות", נעמט ער ערשט דאס מין סחורה נאך א מאל אין די הענט אריין, טראגט עס צו גאנץ נאהנט צו דער נאז, טאפט און טאפט און הויבט אן נאך א מאל פון מה טובו: „הערט נאר, אויב איהר קאנט מיר אפלאזען, אזוי ווי איך האב אייך געזאגט איז גוט"... דערפאר אבער, אז דינה האט געזאגט לעצט, האבען אלע געוואוסט, אז ס'איז לעצט, און אז זי האט געזאגט דאס ווארט „בנאמנות" — איז דאס געוועזען הייליג.

טָאג גֶעווֵיינְט. די מוּטֶער הָאט זִיךְ זֶעהר גֶעוואוּנְדֶערְט, וָואס נֶחָמָה וֵויינְט אַזוֹי שְׁטַארְק, הָאט אָבֶּער נִישְׁט גֶעוָואלְט בַּיי אִיהר פְרֶעגֶען, וַוייל זִי הָאט זִיךְ אִין דֶער פְרִיה זֶעהר נִישְׁט גוּט אוֹיפְגֶעפִיהרְט. דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ דִי מוּטֶער דֶערְמָאהנְט וֶועגֶען דֶעם בְּרִיעף, וָואס זִי הָאט צוּ דֶער לֶעהרֶערִין גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּנ הָאט שׁוֹין פֶערְשְׁטַאנֶען, פַאר וָואס נֶחָמָה וֵויינְט. פוּן דֶעמָאלְט אָן אִיז נֶחָמָה גָאר אַנְדֶערְשׁ גֶעוָוארֶען". אַ סַךְ הָאבֶּען גֶעהֵייסֶען: „מֶען זָאל דָאס קִינְד, וָואס טְהוּט עֶפִּים נִישְׁט גוּטֶעס, אַוֶועק שְׁטֶעלֶען אִין מִיטֶען קְלַאס, אוּנ עֶס וֶועט אִיהר זֶעהר מִיאוּס זַיין פַאר אַלֶע חַבֶרְתֶ'עס אַז מֶען וֶועט דֶערְצֶעהלֶען אַלֶעמֶען, וָואס זִי הָאט גֶעטְהוּן".

(פָארְטזֶעטְצוּנְג קוּמְט).

אֱלִישֶׁבַע רַאבִּינָאוִויטְשׁ.

---

# דִי פְרוֹיעֶנ־וֶועלְט.

## I.

## אַלְגֶעמֵיינֶע נַייעֶס.

(דִי פְרוֹיעֶנְבִּילְדוּנְג אִין דַייטְשְׁלַאנְד). שׁוֹין אִין אָנְפַאנְג פוּן דֶעם 18טֶען יָאהרהוּנְדֶערְט הָאבֶּען דִי פְרוֹיעֶן אִין דַייטְשְׁלַאנְד גֶעשְׁטְרֶעבְּט נָאךְ בִּילְדוּנְג אוּנ קֶענְטְנִיס; אִין דִי לִיעֶדֶער וָואס זֶענֶען אִין יֶענֶער צַייט פֶערְפַאסְט גֶעוָוארֶען, וֶוערֶען בֶּעזוּנְגֶען דִי מַעֲלוֹת פוּן אֵיינִיגֶע דַייטְשֶׁע פְרוֹיעֶן, אוּנ מֶען לוֹיבְּט דָארְטֶען זֵייעֶר זֵייעֶרֶע קֶענְטְנִיסֶע. אֵיינֶע אַ גֶעבִּילְדֶעטֶע פְרוֹי הָאט אִין יָאהר 1742 אַרוֹיס גֶעגֶעבֶּען אַ בּוּךְ וֶועגֶען דִי רֶעכְטֶען פוּן דִי פְרוֹיעֶן, אוֹיף בִּילְדוּנְג, וָואס אִיז זֶעהר גֶע־פֶעלֶען גֶעוָוארֶען דֶעם דַייטְשֶׁען קֵייזֶער פְרִידְרִיךְ דֶעם גְרוֹיסֶען אוּנ הָאט אִיהר עֶרְלוֹיבְּט צוּ הַאלְטֶען עֶקְזַאמֶען בַּיים אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט אִין הַאלֶע. אִין דֶעם טָאג, וֶוען דָאס עֶקְזַאמֶען הָאט גֶעבְּרוֹיכְט זַיין אִיז דֶער זַאל פוֹל גֶעוֶוען מִיט מֶענְשֶׁען; זִי הָאט דָאס עֶקְזַאמֶען אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען אוֹיפְ'ן בֶּעסְטֶען אוֹפֶן אוּנ הָאט בֶּעקוּמֶען אַ דָאקְטָאר דִיפְּלָאם אוּנ דֶער זַאל

הָאט גֶעהוּלְכֶען פוּן דֶעם הוּרַא, בְּרַאוָוא, וָואס דָאס פּוּבְּלִיקוּם הָאט גֶעשְׁרִיעֶן.

אִין 19טֶען יָאהרְהוּנְדֶערְט הָאבֶּען דִי פְרוֹיעֶן גֶעפּוֹעֶלְט, אַז מֶען זָאל זֵיי צוּלָאזֶען הֶערֶען לֶעקְצִיעֶס אִין דִי אוּנִיוֶוערְזִיטֶעטֶען חָאטְשׁ עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַ סַךְ וָואס הָאבֶּען עֶס גֶעשְׁטֶערְט.

אִין דֶער לֶעצְטֶער צַייט זֶענֶען כִּמְעַט אִין אַלֶע דַייטְשֶׁע אוּנִיוֶוערְזִיטֶעטֶען דָא אַ סַךְ פְרוֹיעֶן, וָואס קוּמֶען הֶערֶען לֶעקְצִיעֶס.

(אַ שֵׁיינֶע נְדָבָה). אַ רוּסִישֶׁע פְרוֹי פָּאפָּאוו, וָואס אִיז נִישְׁט לַאנְג גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאט אִין אִיהר צַוָואה אָפְּגֶעשְׁרִיבֶּען 14 טוֹיזֶענְד רוּבְּל, פַאר דֶעם פְּרָאצֶענְט פוּן דֶעם גֶעלְד, זָאל מֶען אוֹיסְהַאלְטֶען אַ שׁוּלֶע פַאר מֵיידְלֶעךְ אִין שְׁלִיסֶעלְבּוּרְג, וָואס אִיז נִישְׁט וַוייט פוּן פֶּעטֶערְסְבּוּרְג.

(פְרוֹיעֶן דֶעפּוּטִירְטֶע). בַּארְטָאן דֶער עֶרְשְׁטֶער מִינִיסְטֶער פוּן אוֹיסְטְרַאלְיֶען הָאט צוּגֶענוּמֶען אַ דֶעפּוּטַאצְיֶע פוּן פְרוֹיעֶן, וֶועלְכֶע הָאבֶּען מוֹדִיעַ גֶעוֶוען, אַז דִי אַגִיטַאצְיֶע וָואס אַרְבֵּייט, אַז פְרוֹיעֶן זָאלֶען הָאבֶּען דָאס רֶעכְט צוּ וואהלֶען דֶעפּוּטִירְטֶע, מַאכְט גְרוֹיס וִוירְקוּנְג.

---

## II.

## יוּדִישֶׁע נַייעֶס.

(נַייעֶ שׁוּלֶען). פְרַיילֵיין קַאנֶעלְסְקִי אוּנ פְרַיילֵיין בְּרָאדְסְקִי הָאבֶּען גֶעעֶפֶענְט אִין קַארְסֶען (קִיעֶווער גוּב.) אַ שׁוּלֶע צוּ לֶערְנֶען אָרִימֶע מֵיידְלֶעךְ אוּמְזִיסְט שְׁרַייבֶּען לֶעזֶען אוּנ רֶעכְנֶען.

— אִין נִיעֶסְוִויזְשׁ (מִינְסְקֶער גוּב.) הָאט זִיךְ גֶעגְרִינְדֶעט אַ שׁוּלֶע אִין וֶועלְכֶע דִי פְרַיילֵיינְס לִיפְשִׁיץ אוּנ מַאחְטֵיי לֶערְנֶען מִיט אָרִימֶע מֵיידְלֶעךְ שְׁרַייבֶּען אוּנ לֶעזֶען אוּמְזִיסְט.

(אַ צְדָקָה חֶבְרָה פוּן פְרוֹיעֶן). אִין בָּאסְקָאוִויטְשׁ הָאבֶּען דִי פָארְשְׁטֵעהֶער פוּן דֶער יוּדִישֶׁער פְרוֹיעֶנ־פֶערַאיין גֶעמַאכְט אַ „בַּאזַאר" דִי פֶערְקוֹיפֶערִינֶען זֶענֶען גֶעוֶוען דִי גְרֶעסְטֶע אוּנ וִויכְטִיגְסְטֶע פְרַיילֵיינְס פוּן דֶער חֶבְרָה אוּנ דִי הַכְנָסָה אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר אַ גְרוֹיסֶע.

(אַ יוּדִישֶׁע אַקְטְרִיסֶע). הַיינְטִיגֶען חוֹדֶשׁ וֶועט, לוֹיט דִי מֶעלְדוּנְג פוּן דִי אַמֶערִיקַאנֶער בְּלֶעטֶער, אִין דֶער שְׁטָאדְט רִיאָ־דֶע־זְשַׁנֵיירָא, דִי הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט פוּן בְּרַאזִילְיֶען, אוֹיפְטְרֶעטֶען אוֹיף דֶער אָפֶּערֶען בִּימָה דִי בֶּערִיהמְטֶע יוּדִישֶׁע זִינְגֶערִין פּוֹילִינֶע צְוַוייפֶּעל. דִי דָאזִיגֶע אַקְטְרִיסֶע

---

וִוי אִין קְלֵייט אַזוֹי אוֹיךְ אִין דֶערְהֵיים. אִין שְׁטוּבּ אִיז דִי דִינָה גֶעוֶוען דִי גַאנְצֶע בַּעַל־הַבַּיתְטֶע, הֵין בַּיים אַיינְקוֹיפֶען אוֹיפְ'ן מַארְק, וְהֵן בַּיי גֶעהן אַרוּם דִי קִינְדֶער. דִי קְלֶענֶערֶע קִינְדֶער, וָואס הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט פַאר דֶער מוּטֶער אֵימַת־מָוֶת, זֶענֶען גֶעוֶוען צוּ גֶעבּוּנְדֶען צוּ זֵייעֶר עֶלְטֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער דִינָה אוּנ לִיעבּ גֶעהַאט זִי, וִוי דָאס לֶעבֶּען. אוֹיף אַלְסְדִינְג הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען בַּיי אִיהר צַייט: אוֹיף דֶער קְלֵייט, אוֹיף דֶער שְׁטוּבּ, אוֹיף דִי קְלֶענֶערֶע קִינְדֶער אוּנ אֲפִילוּ אוֹיף צוּ לֵייעֶנֶען אַ בִּיכֶעל, דֶען אִין מַאזֶעפֶּעוְוקֶע אִיז דִי שְׁפַּע גְרוֹיס מֵיינְסְטֶענְטֵייל עֶרֶב שַׁבָּת, אַ גַאנְצֶע וָואךְ קָאנְט אִיהר זֶעהֶען דִי קְרֶע־מֶערְס גַאנְצֶע טֶעג זִיצֶען שְׁפִּיעלֶען אִין „בֵּיינְדְלֶעךְ" אָדֶער אִין „צִיג אוּנ וָואלְף" אוּנ דִי קְרֶעמֶערִינְס — אִין דְרוֹיסֶען אוֹיף דִי בֵּיינְקֶעלֶעךְ פִיהרֶען רְכִילוּת, בַּא־רֶעדֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט. אִין דֶער דָאזִיגֶער פְרַייהֶער צַייט — פְלֶעגְט זִיךְ דִינָה פַארְקְלַייבֶּען אִין קְלֵייט אוּנ פַארְבְּרֵיינְגֶען אִיבֶּער דִי בִּיכְלֶעךְ. בִּיכְלֶעךְ פְלֶעגְט אִיהר לַייהֶען, בְּרֵיינְגֶען צוּטְרָאגֶען אִין קְלֵייט אַרַיין פַאן יַאסְטְרֶעמְבְּסְקִי דֶער פְּרָאוִויזָאר פוּן דֶער אַפְּטְהֵייק, אַיין אַלְטֶער פּוֹילִישֶׁער בָּחוּר מִיט אַ רוֹיטֶע נָאז, מִיט אַ גְלַאנְצֶענְדִיגֶע לִיסִינֶע אוּנ מִיט בְּלוֹיֶע בְּרִילֶען. פַאן יַאסְטְרֶעמְבְּסְקִי אִיז אַ גוּטֶער בְּרוּדֶער, אוֹיסְגֶעבּוּנְדֶע מִיט אַלֶע יוּדֶען אִין מַאזֶעפֶּעוְוקֶע, קֶען אַלֶע מֵיידְלֶעךְ בַּיי דִי נֶעמֶען, רֶעדְט יוּדִישׁ וִוי אַ יוּד, וֵוייסְט אַ סַךְ לָשׁוֹן קוֹדֶשׁ וֶוערְטֶער: „אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם, מִמָּה נַפְשָׁךְ, עַל כָּל פָּנִים, מֵהֵיכְתֵּיתִי לְעֵת עַתָּה, אַדְרַבָּה, לְמַאי נַפְקָא מִינָהּ", וּכְדוֹמֶה אַ זֶעלְכֶע וֶוערְטֶער וָואס זֶענֶען אַרַיין אִין אוּנְזֶער זְשַׁארְגָאן, הָאבֶּען זִיךְ דָארְטֶען בַּאזֶעצְט אוּנ פִיה־

לֶען זִיךְ גַאנְץ הֵיימִישׁ. פַאן יַאסְטְרֶעמְבְּסְקִי אִיז אַ שְׁטִיקֶעל פַארְשְׁלֶעפְּטֶע קְרֵיינְק, דָאס הֵייסְט אַ פְרֵיילִיכֶער יוּנְג, אָדֶער אַ „שְׁלִים מַזָל". וִוי מֶע רוּפְט אִיהם בַּיי אוּנְז. עֶר הָאט לִיעבּ טְרַייבֶּען קַאטָאוֶועס מִיט אַלֶע מֵיידְלֶעךְ, וָואס קוּמֶען אַרַיין אִין אַפְּטְהֵייק, אוֹיסְפְרֶעגֶען בַּיי זֵיי „וָואס הָארְכְט זִיךְ עֶפֶּעס אִין שְׁטֶעטְטֶעל"? „וָואסֶער אַ גַבַּאי הָאט גֶעחַאפְּט פֶּעטְשׁ פַאר שִׁשִׁי?" „וֶוען וֶוערְסְט דוּ, מֵיידֶעלֶע, אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם אַ כַּלָה בִּיז הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר?" „וֶוען אִיז בַּיי דִיר לְמַזָל דִי חֲתוּנָה אוֹיף מַיינֶע שׂוֹנְאִים גֶעזָאגְט גֶע־וָוארֶען?" „סֶע שְׁפַּארְט דִיר שׁוֹין ווִידֶער אִינְטֶערֶען לֶעפֶּעלֶע בַּיי דִיר בְּלַייבּ־עֶס?"... וּכְדוֹמֶה. סֶע פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ, אַז מֶע עֶנְטְפֶערְט אִיהם נִישְׁט דָאס אַנְדֶערֶע וָוארְט, וֶוער וֶועט זִיךְ שְׁטֶעלֶען מִיט אִיהם אוֹיסְטַעֲנֶ'עֶן מִיטְ'ן שְׁלִים מַזָל? מֶע צֶעלַאכְט זִיךְ, מֶע וֶוערְד רוֹיט וִוי פַייעֶר, מֶע טְהוּט אַ זָאג שְׁטִילֶערְ־הֵייד: „שְׁלִים מַזָל! מַיינֶע צָרוֹת אוֹיף דַיין קָאפּ!" מֶע טְהוּט אַ ווִישׁ דִי נָאז פוּן אוּנְטֶען אַרוֹיף אוּנ מֶע אַנְטְלוֹיפְט.

אָט דֶער פַאן יַאסְטְרֶעמְבְּסְקִי אִיז גֶעוֶוען אַיין אָפְטֶער קוֹנֶה בַּיי יְהוֹשֻׁעַ יֶענְקֶעל צֶעלְנִיקֶער אוּנ אַבִּיסֶעל צוּ אַיין אָפְטֶער אַרַיינְגֶעהֶער אִין קְלֵייט אַרַיין, עֶס קָאן זַיין נִישְׁט אַזוֹי צוּלִיבּ זַיין צֶעלְנִיקֶערַיי, וִוי צוּלִיבּ זַיין שֶׁענֶע, קְלוּגֶע טָאכְטֶער דִינָה, מִיט וֶועלְכֶע פַאן יַאסְטְרֶעמְבְּסְקִי הָאט לִיעבּ גֶעהַאט צוּ פֶערְבְּרֵיינְגֶען. פַאן יַאסְטְרֶעמְבְּסְקִי, אַז עֶר הָאט אַ רֶעד גֶעטָאן אַ פָּאר מָאל מִיט דִינֶה'ן הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעזֶעהֶען, אַז זִי אִיז נִישְׁט פוּן דִי מֵיידְלֶעךְ, וָואס מֶע טְרַייבְּט מִיט אִיהר קַאטָאוֶועס; עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעזֶעהֶען, אַז אִיהר קָאפּ קָאן

איז איין ענקעל פון דעם בעוואוסטען העברעאישען שרייבער אליעזר הכהן צווייפעל, איהר פאטער איז א ראבינער אין לוגאנסק (יעקאטערינאסלאווער גוב). נאך אלס קינד האט מען ביי איהר בעמערקט א גרויסען טאלענט צום זינגען און איהרע עלטערן האבען איהר געשיקט קיין ווארשא אין קאנסערוואטאריום. אז זי האט איהר שטודיום געענדיגט האט מען זי איינגעלאדען אין מיילאנד (איטאליען) צו שפיעלען אין דעם דארטיגע אפערנהויז; פון דעמאלט אן האט זי בעקומען זעהר א גרויסען נאמען און מען האלט זי פאר איינע פון די גרעסטע אקטריסעס. מען האט איהר שוין איינגעלאדען אין פיעל איטאליענישע און רוסישע שטעדט, און היינט האט מען זי איינגעלאדען אין דרום-אמעריקא.

---

## תחית-המתים.

די אדעסער צייטונגען שרייבען וועגען א זעלטענעם פאל מיט א יודישער אומגליקליכע פרוי:

אין חדש מערץ היינטיגעם יאהר האט זיך אין אדעסא בעזעצט א יוד יעקב גרינשטיין מיט זיין פרוי רבקה און צוויי דערוואקסענע קינדער און האט זיך דארטען געעפענט א באקאליי געשעפט. די דאזיגע פאמיליע איז צוריק געקומען פון פילאדעלפיע. גרינשטיינס פרוי א געבארענע בורשטיין פון יעליסאוועטגראד האט מיט צוואנציג יאהר צוריק חתונה געהאט מיט איינעם מ. זעליקסאן, און זענען באלד נאך דער חתונה אוועק אין אמעריקא זוכען פרנסה און האבען זיך בעזעצט אין נוי-יארק, זיי איז דארטען נישט גוט געגאנגען און זיי האבען געמוזט פערקויפען כמעט זייער גאנצע ווירטשאפט. שפעטער האט זעליקסאהן אנגעהויבען בעהאנדלען די ווייב זעהר שלעכט, פלעגט זי תמיד זידלען און אפט אפילו שלאגען אויך. אין יאהר 1890 האט זעליקסאהן אין גאנצען אוועקגעווארפען די ווייב און האט איהר געלאזען אהן א גראשען געלד. די ארימע פרוי נעבאך האט זיך געשטעלט דיענען ביי איהרען א לאנדסמאנן טראכטענבערג, וועלכער האט רחמנות געהאט אויף די ארימע אומגליקליכע פרוי. דריי יאהר האט זי פון מאן קיין שום ידיעה נישט געהאט, זי האט איהם געזוכט אבער זי האט וועגען איהם קיין שום ידיעה געהערט. אויפ'ן פיערטען יאהר האט זי בעקומען א ידיעה, אז איהר מאן איז געשטארבען פלוצלינג אין טשיקאגא. מאדאם זעליקסאהן האט אין דער צייט צוזאמענגעקליבען עטליכע רובל און אז זי האט בעקומען די ידיעה פון איהר מאנס טויט איז זי אוועקגעפאהרען אין טשיקאגא כדי צו דערגעהן דעם אמת. דארטען האט זי זיך אין פאליציי דערוויסט, אז איהר מאן איז באמת געשטארבען, מען האט ביי איהם געפונען זיין פאספארט מיט אלע אנדערע דאקומענטען, וואס בעווייזען, אז ער איז מ. זעליקסאהן. די אלמנה איז צוריק נאך טשיקאגא געפאהרען און אין צוויי יאהר ארום האט זי חתונה געהאט א צווייטעס מאל מיט איין ארבייטער יעקב גרינשטיין מיט וועלכען זי האט זיך אריבערגעצויגען אין פילאדעלפיע. דעם אייגענעם גרינשטיין האט אין יאהר 1901 איין אומגליק געטראפען: ארבייטענדיג ביי א מאשין, האט זי איהם אפגעריסען צוויי פינגער און ער האט מעהר נישט געקאנט ארבייטען.

צו יענער צייט האט גרינשטיינס א שוועסטער, וועלכע האט איהר אייגען הויז אין אדעסא, (אויף דער גאס סטאראפארטאפראנקאווסקע) דורך בריעף שטארק צוגעשטאנען ער זאל קומען צו פאהרען און זיך בעזעצען אין אדעסא און אין מערץ 1902 האט זיך גרינשטיין בעזעצט אין אדעסא און האט דארטען געעפענט א באקאליי געשעפט. איינמאל א מאנטאג ביי נאכט, איז ביי גרינשטיין אין קראם אריינגעקומען א מענש און האט געבעטען מען זאל איהם געבען איין ½ פונט טהיי, דער קונה איז צוגעגאנגען צו דער בעל-הביתטע פון קראם וואס איז געזעסען ביי דער סטויקע; דערזעהענדיג דעם קונה האט זיך די גרינשטיין שטארק דערשראקען און איז בלאס געווארען ווי קאלך. ביידע האבען זיך אנגעקוקט מיט ווייט אויסגעגלאצטע אויגען, לסוף האט זיך דער קונה געשטארקט און האט איהר געפרעגט ווי זי הייסט, די גרינשטיין איז נאך בלאסער געווארען און האט זיך גענומען לויפען צום טהיר וואס געהט אין שטוב אריין, און איז געפאלען אין חלשות. דער קונה מיט דעם פריקאשטשיק האבען איהר אריינגעטראגען אין צימער, דערווייל איז אנגעקומען דער מאן פון שטאדט און עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער קונה איז איהר ערשטער מאן זעליקסאהן.

זעליקסאהן האט דערצעהלט אזא מעשה: אין די נאכט פון 11 מאי 1893 יאהר איז מען איהם איבערפאלען און מען האט פון איהם

---

פארשטעהן גרעסערע זאכען און איהר נשמה איז באשאפען געווארען צו פערנעמען העכערע ענינים, און אזוי ווי דער גאנצער מסחר איז אין מאזעפּעווקע מיט פריצים און די פריצים זענען צומייסטענס פוילען, דעריבער קאנען דארט אלע יודען און אלע ווייבער פוילעש רעדען, און ס'איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואס דינה האט געקאנט לייענען און פערשטעהן א פוילעש ביכעל, און פוילישע ביכער האט פאן יאסטרעמבסקי געהאט א סך צומיינסטענס ראמאנען... האט ער זיי ביסלעכווייז איבערגעטראגען צו דינה'ן און דינה האט זיי פאוואלינקע אלע איינגעשלונגען. דינה האט געלייענט, פאן יאסטרעמבסקי האט אנגעקוואלען, די ליסינע האט ביי איהם געגלאנצט און די רויטע נאז זיינע איז געווארען נאך רויטער, און די ווייבער, די איבעריגע קרעמערינס אין מאזעפּעווקע האבען געשושקעט זיך, געשמארט מיט די נעזער, אונטער געהיסט, געמאכט מיט די אייגעלעך פון אונטען ארויף, געטייט מיט די פינגער א הין אויף לאה די צעלניקערינס קלייט אזוי לאנג אזוי ברייט ביז מע האט דינה'ן גענומען אין די מיילער אריין, ווי דער שטייגער איז אין א קליין שטעדטעל, וואו די ווייבער זיינען גרויסע צנועות, קאנען קיין עולות נישט ליידען, זיי וועלען נישט דערלאזען בשום אופן, אז ביי זיי זאל זיך עפּיס טרעפען א זעלכס, וואס די „גאנצע וועלט" זאל דערנאך האבען מיט זיי צוטהון... אז די מעשה איז אנגעקומען צו לאה'ן, איז געוועזען „הימעל עפען זיך!" עס זענען געפלויגען צווישען לאה'ן מיט איהרע שכנות שטעכווערטליך, קללות און פייגען פון ביידע צדדים און אויסגעלאזט האט זיך דאס דערמיט, וואס פאן יאסטרעמבסקי האט אויפגעהערט צו געהן אין קלייט אריין, דינה האט אויפגעהערט צו זיין מיט איהם באקענט און קיין ביכלעך האט זי שוין מעהר נישט געלייענט. זי האט זיך גוט אויסגעוויינט שטילערהייד אין א ווינקעל, אויסגעווישט די אויגען און ארויסגעקומען צוריק אין קלייט אריין.

וואס האט דינה געוויינט? נישט אויפ'ן פראוויזאר האט זי געוויינט, ניין! פאן יאסטרעמבסקי האט פערנומען נישט זעהר קיין גרויס ארט ביי איהר אין הארצען. דינה האט געוויינט אויף דעם, וואס זי איז געבליבען אהן ביכער, אין וועלכע זי האט ערשט אנגעהויבען צו פיהלען א טעם. דינה האט געוויינט אויף דעם וואס א יודישע טאכטער איז אין גלות, וואס ווילד פרעמדע, ווער עס האט גאט אין הארצען, האט אויף איהר א שליטה, קאן איהר זאגען א דעה מיט וועמען זי זאל רעדען און מיט וועמען ניט. דינה האט געוויינט אויף דעם, וואס אין דער גאנצער שטאדט, צווישען אזוי פיעל באקענטע, האט זיך נישט געפונען קיין איינציגער מענש, פאר וועמען זי זאל קאנען אויסרעדען איהר ביטער הארץ. דינה האט געוויינט... נאר ווער איז דאס אומשטאנד צו וויסען, אויף וואס א מיידעל, א י ו ד י ש ע ט א כ ט ע ר, וויינט א מאל, בשעת עס דערגעהט איהר צום הארצען?...

(פארטזעטצונג קומט).

צוגענומען אביסעל געלד מיט זיין פאספארט. דער וואס האט איהם בעראבעוועט איז אודאי פלוצלינג געשטארבען און פאליציי, וואס האט ביי איהם זעליקסאהנ'ס פאספארט געפונען האט איהם געהאלטען פאר דעם ריכטיגען זעליקסאהן, ווייל ער האט פון דער גזלה די פאליציי נישט מודיע געוועזן. ווייטער האט ער דערצעהלט, אז נאכדעם ווי ער האט אוועקגעווארפען דאס ווייב, האט ער געזוכט עפים צופערדיענען אין פערשיעדענע שטעדט. ער האט צום ווייב איינינע מאל געשריבען נאר די פאסט האט איהם אבער זיינע בריעף צוריקגעשיקט און אויפגעשריעבען אויף די בריעף, אז אזא און אזא אדרעס געפינט זיך נישט. אין טשיקאגא איז ער קראנק געווארען און איז אבגעלעגען אפאר חדשים אין שפיטאל. אין יאהר 1894 איז ער געקומען אין נוי-יארק זוכען די פרוי, און חאטש ער איז א סך מאל פארבייגעגאנגען פאר טראכטענבערגס וואהנונג האט ער איהר קיינמאל נישט בעמערקט; דערנאך האט ער ווי עס איז צונויפגעקליבען אביסעל געלד און האט אין יאהר 1900 פערלאזט אמעריקא, און איז אנגעקומען אין יעליסאוועט-גראד, וואו ער האט גערעכענט צו געפינען דעם שווער און ביי איהם דערגעהן וואו זיין פרוי איז, מיט וועלכע ער האט שוין געוואלט לעבען בשלום, נאר דער שווער איז שוין געשטארבען. אין יאהר 1901 איז ער אנגעקומען אין אדעס און היינט איז ער איין עקספעדיטער אויפ'ן וואקזאל. די פרוי גרינשטיין מיט איהר צווייטען מאן פיהלען זיך זעהר אומגליקליך ווייל זי מוז זיך לויט אונזער דין גט'ן מיט דעם צווייטען מאן, מיט וועלכען זי האט אזוי גוט געלעבט.

---

# אנ'עבור-יאהר.

(ערצעהלונג)

פון ר. א. ברודס.

---

(פארטזעטצונג).

II.

ראזא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען, און ביי דעם ערשטען שפאצירען אין גארטען האט זי איהם געזאגט:

— איך זאל אויף דיר בייז זיין, דוד! אז דו קומסט צו אונז דערקען איך דיר גאר ניט, דו אונטערהאלסט דיך נאר מיט דער מוטער און אויף מיר קוקסט דו זיך גאר ניט אום.

— נו, איך מוז דאך. איך קען דאך נישט דיין מוטער זאגען, אז איך וויל מיט איהר ניט רעדען.

ראזא איז אונצופרידען געוועזן פון דער אנטווארט.

— זעה, יעצט מוז איך דאך זוכען צוגעפעלען דיינע מוטער— איך וויל דאך אמאהל אונזער ליעבע זאל אויס-סוד ווערען, מיר מוזען זיך ביי איהר בעטען זי זאל אונז ערלויבען חתן-כלה ווערען.

ראזא האט זיך פערטראכט.

— „אויס-סוד מאכען?!" האט זי כמעט נישט ווילענדיג אויסגערופען, און האט דוד'ן גלייך אין די אויגען אריין געקוקט:— האסט דו דעם סוד שוין דיינע עלטערען מגלה געוועזן?

— מיינע עלטערען?

און דאס ווארט „עלטערען" האט זיי ביידען געגעבען עפעס וואס צוקלעהרען, ביידע ווייסען דעם אונטערשייד פון זיינע ביז איהרע עלטערען, בעזונדערס פון די מוטער'ס. אמת טאקי ביידע הייזער פיהרען זיך נאך דער איצטיגע צייט גאנץ מאדערנע; ס'איז ניט צו

לעקענען אז דעם איינדרוק פון די זיידעס און די באבעס קען מען נאך שפירען דארטען.

גדליה זוסמאנ'ס פאטער איז געוועזן א סוחר, א גרויסער עושר אנ'אמת'דיגער פרומער יוד און האט געפיהרט א הויז ווי אין די אלטע צייטען איז דער מנהג געוועזן; זיין ווייב, גדליה'ס מוטער, איז אויך געוועזן א פרומע יודענע, א בריה, א בעל-הבית'טע, און דערצו קלוג, און האט זיך שטארק געמישט אין מאנ'ס געשעפטען. זייער זוהן גדליה האט מען ערצויגען ביי מלמדים, מען האט איהם אויך צוגענומען א לעהרער איהם צו לערנען די לאנדעס שפראך און רעכענען כדי ער זאל קענען זיין א מענש, א סוחר. אז ער איז אלט געווארען 17—18 יאהר האבען שדכנים אנגעהויבען צו רעדען שידוכים, און ער איז „מיט מזל" א חתן געווארען, די כלה האט ער ניט געזעהען ביז א שעה פאר די תנאים און האט מיט איהר נישט גערעדט ביז נאך דער חופה. זי איז אויך געוועזן אנ'עשיר'ס א טאכטער, פון א פרומען הויז און האט אויך ניט געוואוסט פון א ליעבע, אפערליעבאכץ אזוי גוט ווי ער. זיי האבען חתונה געהאט, האבען אבגעגעסען קעסט, האבען געהאט קינדער און גדליה איז געווארען אליין א סוחר און פיהרט א גרויס הויז. גדליה און אסתר זענען נאך דער חתונה אזוי געוואהנט געווארען איינס צום אנדערען, אז זיי האבען איינס אהן דעם אנדערען ניט געקענט לעבען ווי איין נשמה. אסתר איז געוועזן א גוטע בעל-הבית'טע אין שטוב, א טרייע מוטער איהרע קינדער, און דער בעסטער חבר פאר איהר מאן און נישט איין מאהל אויך דער בעסטער בעל-עצה אין זיינע געשעפטען, וואס זי איז גאנץ גוט בעקאנט געוועזן אין זיי, אזוי ווי ער האט גאנץ גוט געוואוסט אלצדינג וואס אין שטוב געהט פאר. און אזוי הערצליך איז אויך געוועזן די ערציהונג פון די קינדער.

אמת, אז דאס הויז איז געווארען אביסעל היינט מאדעש, גדליה'ס געשעפטען האבען איהם אסך מאהל געפיהרט נאך אויסלאנד און ער האט איינגעזעהען אז מען מוז נאכגעבען אין אסך זאכען די נייע צייט, און זיי האבען זייער עלטערען זוהן, דוד'ן געלאזט שטודירען; אבער זיי האבען אויך געוואוסט ווי אין זייער זוהן דעם יודישען געפיל צו ערהאלטען. דוד האט ליעב געהאט זיינע עלטערען און זיי מיט דעם גאנצען הארצען איבערגעגעבען געוועזען; ער האט גאר נישט פארשטאנען ווי קען מען די עלטערען עפעס דערווידער זיין. ער האט פון זיי אויך קיינע סודות ניט געהאט, און אפילו איצט אז ער איז שוין דאקטאר איז ער אויך טריי אונטערגעבען זיינע עלטערען.

— מיינע מוטער האב איך שוין דערצעהלט דעם גאנצען אמת, האט דוד געענטפערט ראזא'ן אויף איהר שאלה, — זי האט מיר אויך צוגעזאגט צו רעדען מיט'ן פאטער, און איך האף אז ער וועט אויך מסכים זיין דערצו.

ראזא האט איהם אנגעקוקט מיט א פאר אויגען ווי געזאגט: הלואי, האלט איך שוין אזוי.

— און דו? האט דוד א פרעג געטהון.

ראזא האט אראבגעלאזט די אויגען — זי האט זיך דערמאנט אן איהר מאמען.

עליזאבעטא קומט ארויס פון א רייך הויז וואס איז געוועזן גאנץ „איירָאפּעאיש", דאס הייסט: גאר נישט יודיש; זי איז נאך דערצו

געוועזן א בת-יחיד'קע „איין אויג אין קאפ", און מען האט איהר נאך געגעבען וואס איהר הארץ האט געגלוסט. א שען מיידיל איז זי אויך געוועזן און דערויף האט זי זעהר שטאלצירט, געפעשטשעט האט מען איהר פון קינדרווייז אן, אין דער שולע האט זי שלעכט געלערנט, — „מילא, וועט זי נישט זיין קיין געלערנטע, א מיידעל דארף נאר שען זיין!" אז זי איז עלטער געווארען האט מען זי „איינגעפיהרט אין די געזעלשאפט" מיט גענומען אויף בעלער, אויף טאנץ-קרענצכען, „טאמער וועט זי זיך פערליעבען" — און זי האט זיך טאקי פערליעבט... מיט לאזער זוסמאן האט זי עטליכע מאל געטאנצט, זיך געסוד'עט און די ליעבע איז פערטיג געווארען. לאזער איז געוועזן א בחור פון א יאהר עטליכע און צוואנציג, האט שוין געפיהרט אליין א געשעפט. ער האט געענדיגט א האנדעלס-שולע, האט א פאר יאהר פראקטעצירט ביים פאטער אין געשעפט. זיין פאטער איז אויך געוועזן אנ'עושר — און האט בחור'ווייז ביים פאטער זיין גדן אבגענומען און געווארען „זעלבסטשטענדיג". נאך דער ערשטער בעקאנטשאפט מיט פריילין עליזאבעטא האט ער אנגעהויבען צו קומען צו איהר אהיים, — אזוי לאנג אזוי ברייט ביז ער האט זיך איהר אין דער ליעבע ערקלעהרט, ביז ער האט פון איהרע עלטערען פערלאנגט „איהר האנד" און דער שידוך איז מיט מזל געווארען.

„איין עדעל און שען קינד גיבען מיר דיר איבער, האבען איהרע עלטערען איהם געזאגט, — און דו דארפסט וויסען ווי פיין און לייטיש מיט איהר זיך צו בעגעהן".

און ער האט דאך נישט אנדערש געזוכט אין איהר, ער האט זיך דאך נאר פערליעבט אין איהר עדעלקייט און איהר שענעם פנים; די ליעבע האט געפלאמט, און האט נישט מעהר געזוכט ווי א שענע שפיעלעריי, א צאצקעדיגע זאך, א ליאלקע אהיים צו ברענגען. און דאס האט ער געהאט. עס איז אוועק א קורצע צייט נאך דער חתונה, און ער האט געפרובט איהר אנווייזען אויף דאס און יענץ וואס גע-פעלט איהם נישט, — אהא! האט ער זיך געשפיעלט מיט'ן שטן!... זי האט אנגעהויבען צו וויינען, בעקומען שוואכע נערווען, טאקי אביסעל צו חלש'ן אויך, — עס העלפט ניט! מען מוז נאך לאזען... אזוינע סצענעס האבען זיך געטראפען עטליכע מאל, ביז לאזער זוס-מאן האט זיך שוין מיאש געוועזן זיין פרוי בעסער צו מאכען, די פריהריגע ליעבע איז שוין אויך אביסעל קעלטער געווארען, סקאנ-דאלען מאכען פאסט וויעדער ניט, א „פיין הויז" פאר לייטען מוז מען פיהרען, און לאזער האט ביי זיך בעשלאסען, זיין ליאלקע נישט מעהר צו רייצען: לאז זי טהון וואס זי וויל, ער איז א גאנצען טאג אין געשעפט — ביי דער נאכט איז ער געגאנגען אביסעל פאר-ברענגען צווישען זיינע גוטע ברידער, אהיים איז ער נאר געקומען עסען מיטאג און שפעט ביי דער נאכט שלאפען.

און די זעלביגע פיהרונג וואס איז צווישען מאן און ווייב איז אויך צווישען די עלטערען און די קינדער. עליזאבעטא האט קינדער (ראזא איז די עלטערסטע) און זיי זענען אויפגעצויגען אהן מוטער-ליכע געטריישאפט און אהן פאטערליכע ליעבע. פריהער ביי דער אם, ביי דער ניאניע, שפעטער אביסעל ביי א באנע זענען זיי אויפגעהא-דעוועט געווארען אין קינדער-צימער, דער פאטער איז בעשעפטיגט אין מסחר, די מוטער מיט איהרע קליידער און מאדעס — ביידע האבען קיין צייט ניט א קוק טהון אויף די קינדער, אמאל מאכען די עלטערען „א בעזוך" אין קינדער-שטוב, און דאס דויערט סך-הכל א פאר מינוט. אז זיי זענען שוין עלטער געווארען און שוין געזעסען ביים טיש האט מען די קינדער פערבאטען דארט א ווארט צו רעדען, זיך עטוואס פריי בעוועגען, עטוואס פערלאנגען אדער בעטען; ווי לעהמענע גולם'ס קומען זיי, מאכען א פערבייגונג, עסען אב און וויעדער א פערבייגונג און צוריק אין קינדער-צימער.

— איך בין דיר שטארק מקנא, דוד, האט ראזא געזאגט נאכ-דעם ווי זי האט א פאר מינוט א טראכט געטהון, — דו ביזט גליק-ליכער פון מיר! דו קענסט זיך אויס שמועסען מיט דיין מוטער — איך נישט...

— אבער דו ברויכסט עס נישט! — האט דוד מיט א שמייכעל געענטפערט: — אנדערע וועלען דאס שוין פערזארגען, פערלאז דיך אויף מיר, איך האב אנגעהויבען און איך וועל דאס אויך אויספיהרען...

— אמן! פון דיין מויל אין גאטס אויערען...

(פארטזעטצונג קומט).

# יודישע פרויען.

## דאנא חנה גראציה מענדעזיה.

.1

אים יאהר 1510 אין פארטוגאל, ביי איינעם פון די אנוסים, דאס הייסט מיט געוואלד געטויפטען יודען, איז געבארען געווארען א טאכ-טער, וועלכע מע האט, בעת דעם טויפען, א נאמען געגעבען — בעאטרי-צא. איהר פאטערס משפחה האט געשטאמט פון שפאניען; דאס איז געוועזן די בעריהמטע משפחה בינבענישתי, א משפחה וואס פון איהר זענען הערויסגעקומען פיעל גרויסע געלעהרטע מענער, הן אין יודישע קענטניש, הן אין אנדערע ידיעות און חכמות. אז די יודען זענען הערויסגעקומען געווארען פון שפאניען, אין יאהר 1492, האבען זיך פיעל פון זיי געלאזט נאך פארטוגאל. צווישען די דאזיגע יודען זע-נען געוועזן אויך בעאטריצאס עלטערן.

אום צו קענען דאס לעבען פון די בעריהמטע יודישע פרוי, מוז מען אויך זיין בעקאנט מיט דער געשיכטע פון פארטוגעזישע יודען, זייט זיי זענען פערטריבען געווארען פון שפאניען:

אין דער צייט פון שפאנישען גרוש האט געקיניגט אין פאר-טוגאל יאהאנן דער צווייטער. דיעזער קעניג האט, פאר פיעל געלד, ערלויבט די פערזאגטע יודען פון שפאניען דורכפאהרען דורך פאר-טוגאל און פערבלייבען אין דעם לאנד, נאר עטליכע חדשים, און דער נאך זאלען זיי מאכען זייער וועג ווייטער, דאך זענען אין פארטוגאל געבליבען פיעל יודען, וועלכע האבען, פשוט, ניט געהאט וויהין צו פאהרען, ווייל וואו יודען זענען נור געקומען האבען זיך צו זיי גע-קלעבט צרות און יסורים. אין א פאר יאהר ארום איז יאהאנן געשטאר-בען, און זיין מלוכה האט איבערגענומען דאן מנואל, א מענש בטבע א גוטער, נאר צום אונגליק אהן א כאראקטער.

ווי נאר ער איז מלך געווארען, האט ער זיך משדך געוועזן מיט

דעם שפאנישען קעניגליכען הויז — ער האט חתונה געהאט מיט אזבלה פערדינאנדס טאכטער. די אזבלה איז געווען שלעכט צו יודען, ווי איהר מוטער אזבלה פון שפאניען. נאך איידער זיי האבען חתונה געהאט האבען איהרע עלטערן אויסגענומען א תנאי מיט איהר חתן, אז איהר פוס וועט ניט בעטרעטען פארטוגאל, ביז פון דער לאנד וועט ארויסגעיאגט ווערען ביז דעם לעצטען יוד, און קעניג מנואל האט מסכים געווען צו דעם תנאי.

מנואל'ן איז ביטער געווען פון אלע זייטען: ער האט באמת געשעצט די יודישע פעהיגקייטען און חכמה, ער האט גוט פערשטאנען, ווי נוצליך זיי זענען פאר זיין לאנד, אבער וואס האט ער געקאנט טהון, אז דאס יונג ווייבעל זיינס, אזבלה, האט איהם קיין בערוהטע מינוט געגעבען? און ער האט געמוסט פעריאגען אלע יודען פון פארטוגאל.

באלד האט ער ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז אין דעם משך פון איין יאהר מוזען אלע יודען און אויך מחמדנער, וואס געפינען זיך אין זיין לאנד, זיך טויפען אדער פערלאזען פארטוגאל. די אונגליקליכע יודען, נעבאך, וואס זענען שוין געוואהנט געווארען זיין תמיד נע ונד, זענען שאן געווען פערטיג זיך זעצען אויף די שיפען. דא האט זיך מנואל מישב געווען, למאי זאל ער טהון אזא נארעשקייט, ארויסלאזען אזעלכע גוטע נוטצליכע בירגער? און ער איז טאקי באלד געפאלען אויף א המצאה: ער האט בעפעהלען, אז מע זאל שלעפען אלע יודען אין קלויסטער און מע זאל זיי טויפען, ניט פרעגענדיג ביי זיי צו זיי זענען מסכים דערצו אדער ניט. מען האט אזוי געטהאן און די יודען מיט געוואלד פאר קאטאליקען געמאכט.

אפנים מנואל האט פערשטאנען אז ער האט מיט זיין אכזריות איבערגעחאפט די מאס. דעריבער בכדי צו פערבעסערען די זאך, האט ער מבטיח געווען די נייע אנוסים, אז ער וועט זיי ניט צווינגען זיין אמתע קריסטען א משך פון 20 יאהר, ביז זיי וועלען געוואהנט ווערען מיט זייער נייער אמונה, מיט איהרע דינים און מנהגים. אויך וועט מען זיי ניט רודף זיין פאר דעם וואס זיי וועלען אבהיטען פערבארגענערהייט יודישקייט. דער עיקר איז, אז אין גאס זאלען זיי זיך נאר אויסווייזען ווי קריסטען.

(פארטזעצונג קומט).

שלמה בערמאן.

---

## פאר די מוטערס.

### שפיעלצייג און שפיעלען.

(ענדע).

קינדער, וואס זענען שוין אלט העכער פון 4 יאהר קען מען זיי ווייזען ווי אויסצושניידען פערשיעדענע חיות און מענשען פון פאפיר.

מען דארף זיי אויך בעקאנט מאכען מיט פערשיעדענע שפיעלען ביי וועלכע מען דארף פיעל לויפען און בעוועגען זיך. מען לערנט זיי לאזען א פאפיערענעם שלאנג און נאך אזוינע שפיעלען. אזוינע שפיעלען זענען פאר קינדער זעהר גוט; זאלען זיי זיך פרייען, זאלען קינדער זיין לוסטיג. קינדער דארפען תמיד זיין מלא שמחה, און נישט ארומגעהן, פערזארגט, פעראומערט.

מען דארף אויך ביי קינדער איינפיהרען, זיי זאלען זיך צוזאמענקומען מיט נאך חברים, אין די יאהרען וואס זיי, און זינגען פערשיעדענע ליעדער אין כאר.

נאר אלץ לויפען און שפיעלען זיך נאך א נאנד טויג אויך נישט: קינדער דארפען זיך אברוהען. אין דער צייט, וואס די קינדער רוהען זיך אב, דארף מען מיט זיי אונטערהאלטען, דערצעהלען זיי פערשיעדענע מעשיות פון חומש, פון פסוק, אדער אזוי מעשיות, וואס עס קען א קינד פעראינטערעסירען. מען דארף זיי אבער נישט דערצעהלען אזוינע מעשיות, וואס זייער קינדערשער שכל קען עס נאך נישט פערשטעהן. די מעשיות דארף מען דערצעהלען אין א פשוט'ער, לייכטער שפראך, מען דארף זיך נישט בענוטצען מיט קיין מליצות. עס שאדעט נישט, אז מען זאל זיי דערביי ווייזען די בילדער, פון דער מעשה, וואס מען דערצעהלט זיי, אויב עס זענען נאר דא אזוינע בילדער. מען דארף זיי אויך דערצעהלען מעשיות פון חיות און בהמות און דערביי זיי דערקלערען די נאטור פון יעדע חיה און בהמה.

מען דארף קינדער געוואהנען צו שטוב ארבייט, אבער אלץ מיט'ן גוטען ווילען, מען דארף נישט שרייען, און שלאגען אודאי נישט. דאס קינד פון זיין ארבייט דארף האבען פערגעניגען, עס דארף ביי איהם ניט זיין קיין חוב. אזוי קען מען עס געוואהנען צו נעהען, פריהער קליידעלעך און יאקעלעך פאר די ליאלקעס און דער נאך טאקע אזוינע זאכען וואס ניטצען צו דער הויזווירטשאפט, פריהער וואשען און ריינינגען דאס געפעס פון די שפיעלצייג און דערנאך טאקע די קעך־געפעס.

און ביסלעכווייז קען מען אזוי א קינד צו געוואהנען צו אלע שטוב ארבייט, קעך און פעלד ארבייט, מען האט פאר קינדער בעזונדערע קליינע ווערקצייג, מיט וועלכע זיי זאלען ארבייטען. דער עיקר איז אז זיי זאלען דאס נישט טהון אלס חוב, עס זאל דאס נישט זיין ביי זיי קיין מוז, נאר א פערגעניגען, די קינדער וועלען אויף אזא אופן אליין זיך יאגען נאך דער ארבייט.

זאלען די קינדער קענען פון לעהם אלערליי פיגורען, פלעכטען קאשיקלעך און נאך אזוינע ארבייט.

און דער עיקר זאלען די קינדער, תמיד זיין אויפ'ן פרייען לופט, געהן אין וואלד און אויפ'ן פעלד.

נ. ב.

---

## אלערליי.

(איין אמת'ער חלום). א פרוי אין יעקאטערינעסלאוו האט פאר א פאר וואכען געזעהן אין חלום איהר ברודער, וואס האט געוואהנט אין אסטראחאן. ער איז געווען אנגעטהון אין תכריכים און האט צו איהר אויסגעשטרעקט די הענד. די פרוי האט זיך אויפגעחאפט שטארק דערשראקען, נאר די איבריגע הויז־מענשען, פאר וועמען זי האט דעם חלום דערצעהלט, האבען זי בערוהיגט. „א חלום איז א נאר און גאט איז א האר“, האבען זיי איהר געזאגט. דער אייגענער חלום האט זיך איהר די צווייטע און דריטע נאכט אויך געחלומ'ט. אין 6 טעג ארום האט די פרוי בעקומען א בריעף פון אסטראחאן, אין וועלכען מען האט איהר מודיע געווען, אז איהר ברודער איז געשטארבען, לויט די דאטע פון בריעף איז ער געשטארבען אין די אייגענע נאכט, וואס איהר האט זיך דאס ערשטע מאל פון דעם געחלומ'ט.

# פערלאג „פאלקס־בילדונג“.

דאס גרעסטע טהייל פון אונזער פאלק רעדט און פערשטעהט נור זשארגאן, און דעריבער ווער עס וויל איהם נוטצען ברענגען מוז איהם געבען צו לעזען אין דער שפראכע וואס ער פערשטעהט. ליידער נישט אלע מאל גיבט מען דעם פאלק צום לעזען דאס וואס קאנן איהם נוטצען. אדער מען גיבט איהם לעזען די שמוטציגע מארק־ליטעראטור, ווי די בעקאנטע העכסט אינטערעסאנטע ראמאנען, אדער מען גיבט איהם לעזען אזוינע זאכען וואס זענען צו הויך, צו טיעף פאר איהם, און געשריעבען אין א שווערע שפראכע, וואס נישט אלע קענען דאס פערשטעהן.

מיר אבער ווילען געבען דעם פאלק צו לעזען דאס וואס ער האט באמת נייטיג, דאס וואס קאן איהם אמת'ע נוטצען ברינגען, און צו דעם צוועק האבען מיר געגרינדעט דעם פערלאג „פאלקס־בילדונג“.

מיר געפינען פאר נייטיג מודיע צו זיין, אז דער פערלאג איז ניט געגרינדעט געווארען אויף היגערישע פיסלעך, ווי דער שטייגער איז ביי דאס רוב יודישע פערלאגען. דער נייער פערלאג „פאלקס־בילדונג“ האט א בעזונדער גרויסען גרונד־קאפיטאל, וואס דאס האט אונז די מעגליכקייט געגעבען איינצולאדען אלס שטענדיגע־מיטארבייטער די בעסטע יודישע פאלקס־שרייבער און נישט שפארען קיין הוצאות אום אונזערע אויסגאבען זאלען אינטערעסאנט און גיטצליך זיין אין אינהאלט און אין אויסזעהן.

פון די אבטהיילונגען פון פערלאג, וואס מיר רעכענען דא אויס, וועט דאס געעהרטע פובליקום איינזעהן, אז אונזער צוועק איז צו געבען דעם פאלק איין אמת ניטצליכע בילדונג, בילדונג וואס וועט איהם נוטצען סאי אין וועלטליכען, סאי אין יודישען לעבען, בילדונג וואס וועט אין איהם ווידער אויפוועקען די הייסע ליעבע צו אונזער אלטען היים, צו אונזער אלטע אבער אמת'ע נאציאנאל־שפראך, צו לשון קודש; זיא וועט איהם ווייזען אונזער רייכקייט וואס מיר האבען אמאל פערמאגט, וואס מיר פערמאגען אצונד, און דאס וואס מיר האפען נאך א מאל צו פערמאגען.

## אין פערלאג וועלען זיין די דאזיגע אבטהיילונגען:

1. **אמונה און מוסר.** ביכער און בראשורען וועגען רעליגיאן און מאראל אין א לייכטע שפראכע.
2. **פאך־ביכער.** ביכער און בראשורען צו לערנען פערשיעדענע מלאכות, מיט אילוסטראציעס.
3. **לעהר־ביכער.** ביכער און בראשורען צו לערנען די ניטצליכסטע און נייטיגסטע שפראכען.
4. **וויסענשאפטליכע ביבליאטהעק.** פערשיעדענע פאפולערע ביכער אין אלער־ליי וויסענשאפטען, אין א גרינגע שפראכע; וואו עס וועט נייטיג זיין אויך בילדער און אילוסטראציעס.
5. **ביאגראפישע ביבליאטהעק.** בעשרייבונגען פון בערימטע גרויסע מענער, יודישע און נישט יודישע.
6. **יודישע געשיכטע.** היסטארישע ערצעהלונגען וואס וועלען דעם פאלק בעקאנט מאכען מיט זיין געשיכטע.
7. **בעלעטריסטישע ביבליאטהעק.** ערצעהלונגען פון יודישען און וועלטליכען לעבען.
8. **ציוניסטישע ביבליאטהעק.** א סעריע בראשורען וועגען ציוניזם און זיינע פיהרער.
9. **יודישע פרויען - ביבליאטהעק.** פערשיעדענע ביכער פאר יודישע פרויען, וואס וועלען זיי נוטצען ביים קינדער־ערציעהען, אין דער בעל־הבתי'שקייט און אין לעבען.
10. **יודישע צייטונגען.**

אדרעסע:

**Книгоиздат. „ТУШІЯ“ для „Фолксбилдунгъ“, Варшава.**

**Verlag „Tuschijah“ für „Volksbildung“, Warschau.**

מינדליך: ווארשא, נאוואליפקי, הויז № 7, וואהנונג 9.





Hrausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau